„der reflektor"




# רעפלעקטאָר

## אילוסטרירטע חודש-שריפט
## פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור

אונטער דער רעדאַקציע פון משה בלעכער

מ. ש.

ערשטער יאָרגאַנג



קראָקע



יולי – אויגוסט



1935

### אינהאַלט:




2-3 טאָפּל - נומער

פרייז 50 גראָשן

# דער רעפלעקטאָר

אילוסטרירטע חודש־שריפט
פאר ליטעראטור, קונסט און קולטור

ערשטער יאָרגאַנג. קראָקע, יולי—אויגוסט 1935. נומ׳ 3—2


## אלוועלטלעכער צוזאמענפאר פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע

(צום 10-יאריקן יובל פון ייווא)

דעם 24 סטן מערץ הייער איז געווארן 10 יאר זינט דער גרינדונג פון דעם ייד. וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. צו באצייכנען די דאזיקע דאטע האט די צענטראלע פארוואלטונג פון ייווא באשלאסן צונויפצורופן קיין ווילנע אין אויגוסט*) 1935 אן אלוועלטלעכן צוזאמענפאר פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.

דער צוזאמענפאר וועט אונטערפירן א סך־הכל פון אונדזער וויסנשאפטלעכער ארבעט, וועט אנמערקן אירע פערספעקטיוון און אויפגאבעס אויף ווייטער און וועט איבערוויילן די צענטראלע ארגאנען פון ווייא.

אויף דעם צוזאמענפאר וועלן געהאלטן ווערן רעפעראטן אויף אלע געביטן פון דער יידישער וויסנשאפט מיט אן איינשטעלונג אויף די אקטועלע

*) ווי ייווא טיילט מיט, איז דער טערמין 14 אויגוכט 1935.

SĄD OKRĘGOWY W KRAKOWIE.
Wydział III. karny.
Dnia 7 czerwca 1935.
Sygn. III. Pr. 57/35.

Sąd Okręgowy Wydział III. karny w Krakowie, na posiedzeniu niejawnem w dniu dzisiejszym po wysłuchaniu wniosku Prokuratora Sądu Okręgowego w Krakowie wydał następujące

postanowienie:

I. Zatwierdza się po myśli §§ 489, 493 austr. proc. karnej zarządzoną i wykonaną przez Starostwo Grodzkie w Krakowie dnia 4. 6. 1935 do L. B. II. 2/84]35 konfiskatę czasopisma, »Der Reflektor« Nr. 1, z dnia 1 czerwca 1935 z powodu treści:

1( artykułu zamieszczonego na stronie 6 p. t. „J. Reburg. 0 Willi Bredela“ powieść z obozu koncentracyjnego, albowiem treść tego artykułu w całości zawiera znamiona występku z art. 170 k. k.

II. Zakazuje się dalszego rozszerzania skonfiskowanej treści powyższych artykułów, a zakaz ten ma być ogłoszony w przepisanej formie w najbliższym numerze czasopisma «Der Reflektor» i w dzienniku urzędowym.

Cały nakład skonfiskowanego druku ma być zniszczony.

Pieczęć Sądu i podpis nieczytelny.

פראבלעמען פון דעם יידישן לעבן און דער יידישער קולטור.

אין פארבינדונג מיטן צוזאמענפאר וועט אפגעהאלטן ווערן א „טאג פון דער יידישער ליטעראטור", אויף וועלכן די יידישע שריפטשטעלער וועלן באַהאנדלען די קינסטלערישע און ארגאניזאציאנעלע פראבלעמען פון דער יידישער ליטעראטור. די ארגאניזירונג פון דעם טאג האט איבערגענומען דער יידישער פענקלוב.

עס איז אויך פארויסגעזען א „טאג פון דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט" אויף וועלכן יידישע צענטראלע ארגאניזאציעס זאלן קענען אפגעבן באריכטן וועגן זייער טעטיקייט.

אין דער צייט פון צוזאמענפאר וועט אראנזשירט ווערן אן אויסשטעלונג פון די אוצרות פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.

עס ווערט אויך צוגעגרייט אן אויסשטעלונג פון יידישער פלאסטישער קונסט פון קינסטלער אין פוילן און מחוץ פוילן.

די ווילנער יידישע אינסטיטוציעס אראנזשירן צו דעם צוזאמענפאר א ריי אימפרעזעס און עקסקורסיעס צו באקענען די דעלעגאטן און געסט מיט דער יידישער קולטור־סביבה פון ווילנע, דעם זיצארט פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. א ספעציעלער אויפנעם־קאמיטעט געשאפן דורך דער ווילנער געזעלשאפט פריינט פון ייווא, וועט זען צו באזארגן אויפן בעסטן אופן די געסט אויפן ארט און אויך אויסצופועלן די מעגלעכע הנחות אויף די באנען.

דער צוזאמענפאר וועט זיין א נייער וויכטיקער עטאפ אין דער אנטוויקלונג פון ייווא, אן אויסגאנגספונקט פאר א נייעם אויפשטייג אין זיין וויסנשאפטלעכער און ארגאניזאציאנעלער ארבעט. ער וועט אויך זיין א רייכע איבערלעבונג פאר אלע טוער און פריינט, וואס וועלן זיך צונויפקומען אויפן יום־טוב פון דער יידישער וויסנשאפט און קולטור.

פון די ביזאיצטיקע מעלדונגען איז צו זען, אז ניט נאר פון פוילן און די שכנישע מדינות, פון צענטראל־אייראפע און פון די מערב־אייראפעישע לענדער. פון צפון־אמעריקע און פון ארץ־ישראל. נאר אויך פון די ווייטסטע ישובים אין דרום ־ אמעריקע, בפרט פון ארגענטינע, פון דרום ־ אפריקע א"א — וועלן זיין פארטראטן אויפן צוזאמענפאר דעלעגאציעס און געסט.

אלע אונדזערע לאנד־ארגאניזאציעס, געזעלשאפטן, פריינד, שטיץ־גרופעס, און טוער פון ייווא אויף די ערטער דארפן ענערגיש מיטווירקן, אז די באטייליקונג אין צוזאמענפאר זאל זיין וואס גרעסער, געווים פאדערט אזא צוזאמענפאר ביי די היינטיקע פארהעלטנישן גאר גרויסע אנשטרענגונגען; אבער דווקא אין דער איצטיקער שווערער צייט איז באזונדערס נייטיק אן אלוועלטלעכער צונויפקום פון די טוער און פריינט פון דער יידישער קולטור־באוועגונג. ווייל ער קען ווערן גאר א וויכטיקער סטימול פאר א פארשטארקטער ארבעט אויף אלע געביטן פון דער יידישער וויסנשאפט און קולטור.

**צענטראלע פארוואלטונג**
**פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.**

משה בוקסבוים / קראקע.

# אַ ייוואָ־זאַמלער בײַ דער אַרבעט.

## I. קלעזמער - זשארגאָן.

מיט דריי יאר צוריק איז מיר געלונגען צו באקומען פארן ייוואָ — אלטע לשון־קודשדיקע כתב־ידן, חבורים, אויך חזנישע נאטן, וועלכע האבן, ווי עס שרייבט מיר די צענטראלע פון ווילנע, דעם ייוואָ־ארכיוו באַרייכערט. איז מיר איינגעפאלן דאן — לערנען זיך שרייבן נאטן. אום צו געבן א תקון די בית־המדרש־ און „טיש־נגונים" און זיי זאמלען פארן ייוואָ. באקענענדיק זיך מיט די יידישע כלי־זמרים, האב איך מיך אויך באקענט מיט עפּעס א „אונדזער שמים" „צווישן אונדז גערעדט", א זשארגאָן. מיט וועלכן נאר כלי־זמרים רעדן „צווישן זיך" אין געזעלשאפט פון פרעמדע, אויף חתונות און אנדערע אימפּרע־זעס.

„ווען מיר קומען אין א דארף אדער אין א שטעטל" — דערקלערט מיר דער „אנפירער" — א הויכער, שמאל־ בייניקער ייד מיט אן „אויפגעקלערט" צוגעשניצט בערדל אויף זיין שמאל־לענגעכדיקער קאזשע־גאמבקע — „ווי קוים ס'האט אונדז משווה געווען איינער, ווילן מיר זעך ארומקוקן, ווער ס'זענען די מחותנים, און ווי אזוי מיר האבן זעך דארטן אויפצופירן, מיט וועמען מאמע צו טיש צו גיין, אנדרעש דארף מע באהאנדלען א „סאהאן" (קארגער מחותן) און אנדערש א „דאלניק" (באלעבאטישער מחותן). ווען מ'וויל מע זעך, למשל, וויצלען אויף די מחותנים'ס קאנטע, אדער אויף די קאנטע פון די משרתי־קהלה, אדער געסט, וואלט מע נישט געקענט צוליב די זייטיקע, וואלטן מע באדירפן ביי א יעדע פויזע, אדער זעך שושקען אין די אוירן אראן, אדער אין דרויסן ארויסג״ין און זעך אויסשמיסן, אדער ווי ס'קומט אויס זעך צו פארשטענדיקן. אזוי זיצן מע א יעדער אויף זיין ארט נעבן עולם און רעדן זיך פריי אדורך „פון די לינג אויף די צינג". שמיסן מע, לאכן מע. און די געסט דערנעבן, אויב זיי האבן נישט צווישן זעך וואס צו רעדן, הימן זיי, אז ס'זאל קיין פליג נישט אריין אין אונדזערע מיילער און ווי אזוי אונדזערע ווערטער גייען ארויס, קרום אדער גלייך. קוקן ווי א האן אין בני אדם.

— צי איז פארשפרייט אייער זשארגאָן ביי אן ענלעך פאך? צי קענט איר אייך אויך פארשטענדיקן אויף אייער לשון מיט די אנדערע חתונה־משרתים. ווי למשל, מיט סארוועדס, שמשים, קעכנס א. אנד.?

— „ניין! איר פארשטייט מיך נישט" — גיט ער זיך א לייכטן ווארף אויף מיר — „די שפראך איז אונדז נוציק ווי די סקריפקיס (נאטן), ווי די ווערבל (פויק) איז זי נאר אונדזער און אן שותפים, ווייל וואלטן זעך „זייערע" קינדער זי אויסגעלערנט, וואלטן זיי זעך געשפילט אין באלוויס (התונות), געמאכט אויס זאמד אן אוויזן, און געבאקן באזשיק (לעקעך) מיט אזשי (טשאסטקעס), אויס די שירעץ א חופה און אנגעהויזן (אנגעשפילט) וומאכסמאנסאנקי (חתן־כלה)"...

— „און אייערע היימען און קינדער זענען נישט די זעלבע, וואס פון די משרתי־קהלה?"

— ..וואס הייסט?"

— ,,און אייערע קינדער קענען נישט אויפכאפן אייער לשון?"

— ,,אונדז כלי־זמרים זעמע דעך ווייניקער ווי די משרתי־קהלה, קענען דעך שוין אונדזער לשון ווייניקער קינדער, דארפן דעך זיך נאר אונדזערע קינדער צוזאמענטרעפן — איז שוין ווייטער ווי ווען די אנדערע די־די־די נאך אנדערע, וועלכע וואלטן זעך נאך אויסגעלערנט" — שטופט ער מיט דער צינג און טאפט מיט די פינגער ווי א מענטש, וואס וויל דערכאפן ס,ריכטיקע ווארט, וואס פעלט אים...

— ,,וואלט עס געווארן, הייסט עס א מאסן־שפראך" — וויל איך דעם ענין גוט תופס זיין. ווער איך אבער פלוצים ווי מיט א קאפ נידריקער און פיל, ווי מיט א גראבן שטעקן איבערן רעכטן אקסל:

— ,,אט, אט, אט, אט! אט דאס מיינעך!" — איז אים ווי א שטיין פון האלדז אראפגעפאלן. און אטעמט אפ וואס א מאל לייכטער.

— ,,א קלעזמער־זשארגאן, א קלעזמער־לשון, ריין קלעזמעריש!"

— ,,ריין קלעזמעריש!" — גיט ער צו — ,,ווער שותפים, וואס שותפים?"

— ציט ער ווייטער—,,און דער רב איז דעך אויך פון די משרתי־קהלה נעמט ער אונדז אויך צו פאר שותפים? נאר ריין קלעזמער־לשון — ווי איר זאגט".

פון יענעם טאג אן האב איך זיך גענומען חבר,ן מיט דעם ,,אנפירער", געקומען אפט אויף התונות און געזוכט נאר זיין געזעלשאפט און בעת זייער שמועסן (די כלי־זמרים) האט ער מיר דערקלערט דעם אויסטייטש פון זייער קלעזמעריש לשון. ביי זיין זייט האב איך מיך נישט דערוועגט א ווארט צו שרייבן, אבער צונויפזאמלענדיק אינם מח א 3—4 ווערטער מיט די אויסטייטשן — בין איך פארשווינדן געווארן אויף א פאר מינוט אין א ווינקל ,,אויפגע־טינטלט" זיי און ווידער ,,אסיסטירט" דעם אלטן כלי־זמר.

איינמאל טרעפט ער מיך מיט אן אנדערן כלי־זמר אויף דער גאס, מיט וועמען איך האב שוין בעתן שמועס אויך אריינגעמישט א קלעזמעריש ווארט. גיט ער מיר א קלאפ אין דער פלייצע און זאגט מיר שמייכלנדיק ,,איר זענט אן אונדזעריקער בראנאש"!

— ,,וואס מיינט מען דאס" — שמייכל איך לייכט.

— ,,בראנאש! איר ווייסט נישט? איר האט נישט געלערנט אין חדר? בראנאש, א בראט!

— ,,בר־נש", הייסט עס, ענטפער איך.

— ,,אפשר באר־נאש" .

* * *

דעם קלעזמער - זשארגאן האב איך דאן איבערגעשיקט אין ייווא קיין ווילנע, פון וואנען מען שרייבט מיר צוו. אנד.: ,,מיט אייער זאמלונג קלעזמער־זשארגאן האט איר דערגענצט א וויכטיקן בלויז".

## II. גנבים-זשארגאן.

דער גנבים - זשארגאן איז שוין נישט אזוי איינגעצוימט, איינגעשלאסן בהדרי - חדרים ווי כלי־זמר לשון. גנבים־זשארגאן נעמט אן שוין מ. וו. א מאסן־

כאראקטער, דא אויפן „פלאץ" קומען זיך צונויף א גאנצע חברה „בענקארטים" מכל המינים. דארט ביים „טישל" ווו מ'„פרייערט" א. ד. גל. און בעת „ס'גאפט" ווער אינם שפיל, קיסלט (ציט פון דער טאש, קיסלער — טאשן־ציער) מען. באמערקט ווער, אז ס'גייט א מענדי (פאליציי) איבערגייען סיגנאלן פון אריבער און ארונטער: „זעקס"! „זעקס"... און ווי א זייפן־בלאז ווערט אליץ פארשווונדן, „זיי" קומען שוין מער אין בארירונג מיט אנדערע, ווייל דאס גנבים־פאך פארלאנגט ברייטערע ארבעט. די פארשידענע סארטן גנבים ווי צ. ב. שבר (אייזן־ברעכער), שאפ־פעלער (שנעלער גנב), שליאם־גייער (נאכט־גנב) א. ד. ג. שטייען צווישן זיך אין אן ענגער פארבינדונג און מיט דער אויסער־לעכער וועלט. מיט דער צונג (שומר פון זייער חבריה), קוניקעס (שטובן, ווו זיי קומען זיך צונויף ביי פרעמדע), פאסערס (אויפקויפערס פון גנבות) א. ד. ג., איז דערפאר מיר אנגעקומען לייכטער די זאמל־ארבעט פון דעם „פאך".

נאכן קארעגירן האב איך מיין זאמלונג איבערגעשיקט קיין ווילנע, ווו מ'האט דאן אויסגעבעסערט אנשטאט גנבים־שפראך „הענטשקע־לשון".

נאך צוויי זשארגאנען האלט איך אין זאמלען: „באלעגאלע־ אדער פיאקער־לשון"; „זשארגאן פון גאסן־פרויען". די ערשטע זאמלונג איז רייכער אויפן טערמינאלאגישן געביט איידער די צווייטע, אבער וועגן זיי אן אנדער מאל.



הניאל טשארני / ווילנע.

# עס קייקלען זיך רייפן

עס קייקלען זיך רייפן, א רייף נאך א רייף: —
די נעכטנס, די היינטס און די מארגנס —
צו ווילנע, צום ייווא, צום שטיינערנעם סייף,
ווו ס'ווערט אונדזער פאלקסגוט פארבארגן.

עס קייקלען זיך רייפן, א רייף נאך א רייף
פון מזרח, פון צפון, פון דרום —
זיי קומען זיך אלע אין ייווא צונויף,
צום אוצר פון ביכער און ספרים.

אזוי אט פארמערט זיך דא אונזער פארמעג
פון צייטונגען, בריוו און כתבֿ־ידן —
ווי וונדערלעך ־ שפאנענד עס ווערט דא דער וועג
פון מאטקע כאבאד ביז שאבאדן!

ווי וונדערלעך ־ שפאנענד עס ווערט דא דער גאנג
פון שרה בת טובים ביז קארן —
אפילו מיין אייגענער שטילער געזאנג
וועט קיינמאל נישט גיין דא פארלארן.

# צילן און אויפגאבן פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור.

די מאסקווער „פראוודא” האט פארעפנטלעכט אן אפהאנדלונג וועגן מהות פון פראלעטארישער ליטעראטור, אירע צילן, אויפגאבן און פאדערונגען. מיר ציטירן דא עטלעכע פראגמענטן פון אט דעם ארטיקל, וואס אילוסטרירן די אויפפאסונג פון דער פראלעטליטעראטור אין די אפיציעלע, אנפירנדיקע אינסטאנצן פון דער סאוועטישער ליטעראטור. די רעד.

„די פראלעטארישע ליטעראטור ווערט שוין א מעכטיקער פאקטאר פון אויפווירקן, פון דערציען, ארגאניזירן דעם ווילן פון די מאסן, אויפהייבן דעם ארבעט־ענטוזיאזם, די שלאגלעריי, אנטוויקלען אלע מינים סאצגעוועט, פון קאמף קעגן די דורכרייסן אויפן ארבעט־פראנט, קעגן דער פוילקייט, אפגעלאזנקייט, אומווירטשאפטלעכקייט און אנדערע פעלערן, וואס באגלייטן די בויונג, זי ווערט א מעכטיקער פאקטאר פון דער סאציאליסטישער בויונג. די מאסן ווילן, או אונדזער ליטעראטור זאל ניט בלויז באלייכטן דעם היינטיקן טאג אין שיין פון דער פארגאנגנהייט, פונעם איבערגעלעבטן, נאר זי זאל אויך אין שיין פונעם דאזיקן היינטיקן טאג באווייזן די קאנטורן, דעם אינהאלט פונם מארגנדיקן טאג, זי זאל באווייזן די וועגן צו דערנענטערן זוך וואס גיכער צום ענדגילטיקן זיג.

דעם קוואנטיטאטיוון וווקס פון אונדזער ליטעראטור דארף באגלייטן א קוואליטאטיווער וווקס, די פארפולקומונג פון דער קינסטלערישער פארם, דאס אויסארבעטן קינסטלערישע מעטאדן פאר דער טיפסטער און שטארקסטער אויפווירקונג אויף די מאסן, וואס זאל אממערסטן ארגאניזירן דעם ווילן, די ענערגיע, די איינגעיש פארטקייט, די עקשנות פון די מאסן צו דערגרייכן די געשטעלטע צוועקן, פארשנעלערן די טעמפן, פארבעסערן די קוואליטעט, באהערשן די טעכניק אאז״וו.

מיר דארפן אויפהייבן די ליטעראטור - קענטניש אויף א גרויסער הויך, מאכן זי פאר אמעכטיק אידעיש־דערציערישן געצייג, וואס שמידט אויס נייע יינגע קאדרען פראלעטארישע ליטעראטור־טוער. מיר האבן רעכט צו פאדערן פון אלע פראלעטארישע ליטערארישע פאראייניקונגען, אז אין זייער גאנצער טעטיקייט זאל בולט דורכגעפירט ווערן דער קאמף פאר לעניניזם אין דער ליטעראטור, דער קאמף פאר דעם, אז די ליטערארישע שאפונג זאל זיך באזירן אויפן אויסארבעטן א מארקסיסטיש־לענינשע וועלט־אנשויונג. אז די דאזיקע ליטערארישע פאראייניקונגען זאלן פון דער טעאריע און פראקטיק פון דער ליטעראטור־קענטניש און ליטערארישער שאפונג אויסווארצלען אלערליי מענשעוויסטישע, אנטילענינ׳שע אפארטוניסטישע טעאריעס.

די פראגן, וואס שטייען פאר דער פראלעטארישער ליטעראטור, זיינען אויסערסט ערנסט און קאמפליצירט. אלס גרונט - קעמערל פון דער פראלעטארישער ליטעראטור, וואס פירט דורך די פארטייישע ליניע, איז ראפ״פ מחוייב א סך מער קאנסעקווענט און אפן אויפדעקן אלע פעלערן אין דער באוועגונג. אן אן אויסשעפנדיקער קריטיק פון די דאזיקע פעלערן קאן מען ניט דערציען נייע קאדרען פראלעטארישע ליטעראטור־טוער, און אויסארבעטן ווידער די דאזיקע קאדרען איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן.

ביי אונז ווערט ביז איצט ווייניק געטאן צוצוגרייטן ליטעראטור - טוער פון די ארבדארפקארן, הגם דער פריזיוו פון שלאגלער אין דער ליטעראטור איז געווען א געוויסער שריט אין דער ריכטונג. מען דארף אבער דערציען א טיפ ליטעראטור-טוער, בפרט צייטונג-טוער, וואס זאל קאנען געבן א לעבע־דיקע, פארכאפנדיקע באשרייבונג פון דער סאציאליסטישער בויונג, פון אלע אירע חסרונות. מיר דארפן האבן א קאמף-ליטעראטור, וואס זאל זיך לעבעדיק אפרופן אויף די קאמף-פראגן פון דער סאציאליסטישער בויונג, וואס זאל טאג־טעגלעך מאביליזירן די מאסן ארום די אויפגאבן צו פארווירקלעכן די גענע־ראלע ליניע פון דער פארטיי. ס'איז אבסאלוט ניט דערלאזבאר די גאווהדיקע פאראכטונג צו דעם דאזיקן מין ליטעראטור. מיר דארפן האבן עטיודן, מיר דארפן האבן קארעספאנדענצן, מיר דארפן האבן א ר ט י ק ל ע ן, וואס העלפן קלאר מאכן די באדייטונג פון י ע ד ע ר א י י נ צ ע ל נ ע ר ארבעט פארן אויס־פילן אונדזער גאנצן ארבעט-פלאן. נאטירלעך, דאס הייסט ניט, אז מען דארף געבן מאמענטאלע פאטאגראפיעס פון דעם אלעם, וואס עס קומט פאר ארום, ניט אנאליזירנדיק דאס, וואס קומט פאר, ניט דערקלערנדיק, פארוואס איז ביי אונדז פאראן דער אדער יענער פעלער, ווי מיר שלאגן זיך דורך פארויס צו נייע דערגרייכונגען. ווען מיר גיבן א „מאמענטאלע פאטאגראפיע" פון וואסערן ס'איז הערואישן שטורעם אויפן דניעפערבוי, אדער ביים פונאנדערוויקלען די פארזיי - קאמפאניע, בייסליקווידירן א דורכרייס אד"גל, באווייזן מיר, מיר דערציילן, ווי אזוי מיר האבן זיך עס דערשלאגן. עס וואלט אוודאי געווען א ניט דערלאזבארער גראבער וולגאריזם צו דערפירן די פראלעטארישע ליטעראטור צו צייטונגס-עטיודן און פלאקאט פערזן אינם גייסט פון די לעף-טעאריעס וועגן „פאלקס-ליטעראטור". מיר דארפן האבן גרויסע ווערק, וואס פאראלגעמיינערן און באווייזן די דערפארונג פון דער סאציאליסטישער בויונג אין ברייטן מאס־שטאב, וואס פאדערן פארעקשנטע ארבעט, לערנען זיך, „אויפטראגן", בא־הערשן די שרייבערישע טעכניק פון דער „העכסטער פראבע". אבער ס'איז נייטיק, אז די אויטארן פון די דאזיקע ווערק זאלן באווייזן דאס לעבן און די ארבעט פון די מאסן און פון זייערע פארשטייער, זאלן באווייזן אונזער ווירק־לעכקייט אין איר גאנצער פילגעשטאלטיקייט, און זאלן זיך ניט אפצוימען פון דער דאזיקער ווירקלעכקייט מיט א כינעזישער וואנט פון די פערזענלעכע אי־בערלעבונגען פון זייערע העלדן.

פאר דער פראלעטארישער ליטעראטור און דער ליטעראטור - קריטיק שטייען קאלאסאלע אויפגאבן. פארפולקומענדיק אירע שאפונגס - מעטאדן. ברייט באלויכטנדיק די דערפארונג פון דער סאציאליסטישער בויונג, מאבי־ליזירנדיק די מאסן, באהערשנדיק די טעכניק, דארף די פראלעטארישע ליטע־ראטור אן רחמנות אויפדעקן די פיינדלעכע קלאסן - ווירקונגען, די שטימונגען פון דעקאדאנס, פון באלעבעסלדיקן אינדיווידואליזם, וואס קומען אויף אויפן באדן פון די דאזיקע ווירקונגען. זי דארף אנטשיידן קעמפן מיטן אפארטוניזם, מיט דער הינטערשטעליקייט, מיטן וולגאריזם, מיט דער ווירקונג פונם „מענ־שעוויזירנדיקן אידעאליזם", מיט די טראדיציעס פון דער ווראנטשינע, פע־רעווערזעווטשינע, לעפאווטשינע.

די פראלעטארישע ליטעראטור דארף ארומנעמען אלע זייטן פון אונ־דזער ווירקלעכקייט און פונם קלאסן־קאמף, זי דארף געבן דאס לעבן אין זיין גאנצער פילגעשטאלטיקייט, באלויכטנדיק זיין וועג מיט דער לערע פון מארק־סיזם ־ לעניניזם. זי דארף אויסארבעטן א גאנצע ריי נייע קינסטלערישע פאר־מען, וואס גיבן איבער ווי מעגלעך פול די רייכקייט פון אונדזער עפאכע. דער פראלעטאריאט קאן ניט אפשטויסן דערביי די מענטשן, וואס זיינען נאך היינט ניט צוגעקומען אינגאנצן צו דעם דאזיקן פראלעטארישן וועג. אנטשיידן ביי־קומנדיק די בורזשואזע טענדענצן צווישן די מיטלויפער, דארף מען פאר־וואנדלען די נעכטיקע מיטלויפער אין פארבינדעטע, און די היינטיקע פאר־בינדעטע — אין אן אנשפאר פון דער סאציאליסטישער מלוכה, וואס בויט זיך. די פראלעטארישע ליטעראטור דארף אפשפיגלען די גאנצע פילקאנטיקייט פון אונדזער עפאכע, זי דארף פארשטארקן איר ארגאניזירנדיקע ראלע אין דער סאציאליסטישער בויונג".

מאגים.





פאבריק ־ מאטיוו — פאט. מ. שטאמבעדגער

רחל קארן / פשעמישל

# אין פריעןווינטער*)

(א קאַפּיטל פון דער דערציילונג „שלמה נוזשדע“)

שוין באצייטנס האט מען זיך אנגעהויבן צו ריכטן אויף א פריען ווינטער. די בלעטער זענען פריער ווי תמיד געל געווארן, און ווי גאלדענע פייגל גע־פלאטערט א ווײַלע אין דער לופט, איידער זיי זענען צוגעפאלן מידע צו דער ערד. ביים קארטאפל־גראבן האט מען געפונען אין פעלד א נארע פון א כאמיק באווארנט מיט שפייז פון כלערליי מינים. די לאסיצע האט פרי געביטן איר רויטע פעל און א ווייסבייכיקע מיט איר שמאלן ווערטענע־לייב געשפינען איבער וועג און פעלדער די זארג פון א לאנגן, שווערן ווינטער. פאר די ימים־נוראים, נאך איידער מ'האט באוויזן אויסצוגראבן די קארטאפל, איז אראפגע־פאלן דער ערשטער שניי. מיט געשוואלענע בלוי־אנגעלאפענע הענט האט מען ארויסגעשלעפט די קארטאפל פון דער פארשטארטער ערד. מען האט געוווסט, אז באלד וועלן די קארטאפל וואס דער פראסט האט געכאפט, ווערן איינגע־קארטשטעט און פארשפרייטן ארום זיך א זיסלעכן פארדומפענעם ריח פון פוילעניש. אין א סך שטיבער האט מען זיך באצייטנס אנגעהויבן שוין גרייטן צום אוועקפארן. ווער קיין פרייסן און ווער נאך ווייטער, אויב ס'געלט האט געקלעקט אויף הוצאות.

— אז קיין בולבע איז נישטא, איז די שטוב געגליכן צו א טרומנע! — האבן געטענהט די עלטערע פויערן מיט דער פארחושטער געלאסנקייט, וואס זיי האבן איבערגענומען פון זייערע פאטערס. בלויז אין די גרויסע הייף האט מען געהאט נחת פון גאנצן עסק. מיט שרייב־הענטלעך אין די הענט האט מען קאלקולירט די פרייזן, געבויט קאלומנעס פון ציפערן, ווי הויכע שלעסער און זיי מולטיפליצירט דורך פרעמדן הונגער. די סך־הכלען האבן געדארפט דעקן רייזעס קיין ווין, מאנטע־קארלא און אסטענדע. א קלארער חשבון: די געפרוירענע קאר־טאפל וועט מען קענען קויפן האלב - אומזיסט פאר די ברענערייען, צו ברענען בראנפן און אויף דער בראיע**) שטעלן א סך בהמות, וואס די פויערן וועלן מיזן אויספארקויפן

דערווייל האבן שניי - זאווערוכעס ארומגעשטעלט דאס דארף מיט הויכע ווייסע שאנצן. פון יינגע ביימלעך האבן זיך קוים ארויסגעזען די ווייכע קעפלעך. פלעגט מען טאקע יעדן אינדערפרי טרעפן אויף דעם צוגעפרוירענעם שניישליא־דעם פון האזן און סארנעס. וואס זענען געקומען בייַנאכט פון די ארומיקע וועל־דער און אויף דער קארע פון יינגע ביימלעך סימנים פון זייערע ציין געלאזט. פיקסן און מארדערס זענען געווארן שטענדיקע געסט אין די הינער־שטאלן. זיי האבן קונציק אויסגעמיטן די קלאפאייזנס, וואס מען האט אויפגעשטעלט אויף די סטעזשקעס, מיט וועלכע זיי פלעגן אנקומען. און איין מאל האט מען אפילו

*) פון דעם באנד דערציילונגען „ערד“.

**) אפפאל פון קארטאפל אין די ברענערייען.

באמערקט שליאדעס פון א סטאדע ווילד-חזירים. אין די ארעמע שטובן האט מען זיך געליינגט שלאפן, ווי נאר די זון האט זיך באהאלטן אונטער די דריי סמערע־כעס. א שאד אומזיסט צו ברענען נאפט. ביי די רייכערע פויערן האט מען גע־שפינען פלאקס, געשיילט ארבעס און באבלעך, און די אלטע פויערן פלעגן זיך בארימען מיט זייערע העלדישע מעשים בשעתן עסטרייכיש - דייטשן קריג. פון די מעשיות איז אויסגעקומען, אז פראנץ - יאזעף, האבנדיק א מיליטער פון אזעלכע העלדן, וואלט קיינמאל נישט געווען פארשפילט דעם קריג, ווען נישט די גענעראלן, וואס האבן נישט געוווסט, ווי אזוי אנצופירן מיט דער ארמיי און נישט געוואלט פאלגן די עצות פון די קייזער - געטרייע דאמבראווקער זעלנער.

— דא איז די פאמע, איר זעט? און דא דער בארג. — די פאמע איז געווען דער לייזונט באקליידעטער פיס און דער בארג די קני. — אונדזער מיליטער שטייט פון דער זייט, און דער דייטש מאכט זיך נישט וויסנדיק פון יענער זייט פאמע, וויל אונדז אריינגארן. זאג איך: פאניע פעלד מארשאלעק...

— פארשטייט ער אוקראיניש? — רופט זיך אן א קליין יינגל.

— גיי, האק נישט איבער — בייזערט זיך דער אלטער — ער פארשטייט א סך שפראכן, דער דאזיקער פעלדמאדשאלעק, דאס גאנצע לעבן זיצט ער דאך אין די ביכער, אבער דעמאלט האב איך אויך געקענט דייטש און האב צו איס גערעדט טאקע מיט דעם קייזערס לשון. גלייבסט נישט? און וואס מיינט מען „גלייכאיבונג״? ***) הא?

די קינדער, וואס זענען אינמיטן דערינען אנטשלאפן געווארן, ווו וועלכעס ס'איז געפאלן, האבן אין זייערע חלומות מיטגענומען די אויפגעוועקטע בענק־שאפט צו א פרעמדער, גרויסער וועלט, וואס הייבט זיך אן מסתמא פון יענער זייט וואלד.

אין די יידישע שטיבער פלעגט מען אויסהערן די יינגלעך, צי זיי קענען כאטש דאווענען, און ווי א זאך מאכט זיך, צי וועט גאט פארשטיין אמאל דעם פארדרייטן, פארגרעבטן קדיש. די יידענעס האבן געפליקט פעדערן אין רע־שעטעס אריין. קינדער וואקסן אונטער קיין עין הרע, און כאטש ס'עלטסטע מיידל איז נישט מער אלט ווי זעקס יאר, מוז מען שוין צונויפלייגן פעדערן אויף אן איבערבעט מיט קישנס. בייטאג פלעגן די קינדער ארייגהויכן זייער אטעם אין די פארפרוירענע שייבלעך, כדי צוצוהעלפן אביסל דער זון, וועלכע איז שטענדיק אויפגעשטאנען א נישט - אויסגעשלאפענע, און גענעצנדיק א פיר שעה איבער דעם טרויעריקן הימל, פארפאלן געווארן פון יענער זייט וואלד. יעדן טאג האבן די קינדער געפרעגט ביי טאטע - מאמע — ווען וועט שוין זיין פסח? און ס'האט זיך זיי געדאכט, אז דער לוח, וואס זאגט צו דעם יום-טוב נאך צוויי חדשים נארט זיי אפ. זענען זיי אליין געגאנגען זוכן דעם פרילינג. זיי האבן זיך געדראפעט אויף די העכסטעביימער, צעביסן מיט די ציין די הארטע פענקעס און אלץ געוואלט דערגיין, צי זיי וועלן נישט געפונען הינטער דער הארטער הויט צונויפגעלייגטע, צארטע בלעטלעך.

***) געלענקס-איבונגען — א פארדרייט דייטש ווארט.

„קויפט אלטווארג״! (קראקעווער מאטיוו) — פאט. מ. שטאמבערגער



מאטיוו פון אלט קראקע: רמ״א־שול — פאט. ה. פייט

מרדכי געבירטיג / קראקע.

## פאַרוואָס, זאָג מיר, מאַמעניו?...

I.

פארוואס, זאג מיר, מאמעניו,
דער טאטעשי, זאל לעבן,
האט קיינמאל נישט קיין צייט ווי דו,
מיט מיר זיך אפצוגעבן.
מאמעניו, אוי, מאמעניו,
זאג'זשע מיר, פארוואס?

ווייל ער איז אן ארבעטער,
ביי יענעם נאך דערצו,
לויפט נישט פוסט און פאס ארום
מיט יינגעלעך ווי דו.
הער שוין אויף צו פלוידערן,
כ'האב, קינד לעב, דאס נישט ליב,
באלד קומט אן דער טאטעשי,
נישט אויפגערוימט די שטוב.

I·I

פארוואס קומט דער טאטעשי,
כ׳וויל, מאמעניו, דאס וויסן,
א היים פון דארט א ברוגזער,
פארשוויצט און אפגעריסן?
מאמעניו, אוי, מאמעניו,
זאגזשע מיר, פארוואס?

ווייל ער זעגט און הובליעוועט,
אז אלץ אויף אים ווערט נאס,
יאגט זיך נישט ווי דו ארום,
מיט הינטעלעך אין גאס.
הער שוין אויף צו פלוידערן,
שוין דול פון דיר דער קאפ,
באלד קומט אן דער טאטעשי,
טראג גיכער ס׳מיסט אראפ.

III·

פארוואס טוט דער טאטעשי,
צו וואס, פאר וועמענס וועגן,
די ברעטער דארטן הובליעווען,
אויף שטיקלעך זיי צעזעגן.
מאמעניו, אוי, מאמעניו,
זאג׳זשע מיר, פארוואס?

דער טאטע זעגט און הובליעוועט
די ברעטער אזוי לאנג,
ביז ס׳וואקסט פון רויע ברעטער אויס
א טישעלע, א שאנק.
הער שוין אויף צו פלוידערן,
דאס צינגל דיר באהאלט,
באלד קומט אן דער טאטעשי,
דער אויוון איז נאך קאלט.

IV·

פארוואס, מאמע, האבן מיר,
מיך טוט דאס שטארק פארדריסן,
אן אלט, צעבראכן שענקעלע,
א פוילן טיש, א מיאוסן.
מאמעניו, אוי, מאמעניו,
זאגזשע מיר, פארוואס?

ווייל, מיין קינד, אן ארבעטער
אויף עסן קוים פארדינט,
דער שוסטער ארבעט שיכעלעך
און בארוועס גייט זיין קינד.
הער שוין אויף צו פלוידערן,
ניט נודע מיך אזוי,
אט גייט שוין דער טאטעשי,
און ס׳עסן איז נאך רוי.



משה בלעכער ,קראקע.

# וועגן דניאל טשארניס מעמוארן „בארג-ארויף".

(דניאל טשארני: „בארג-ארויף". בלעטלעך פון א לעבן. ארויסגעגעבן פון די „ליטעראַרישע בלעטער", ווארשע 1935. — 203 זייטן מיט 7 אריינגעקלעפטע בילדער. הילע געצייכנט פון אומע אלקעניצקי, ווילנע).

בעת אין דער וועלט-ליטעראטור שפילן פערזענלעכע זכרונות, מעמוארן א גרויסע ראל און ווערן אפט פארוואנדלט אין וויכטיקע קולטור - היסטארישע דאקומענטן אדער אזויגערופענע „בילדונגס-ראמאנען", וואס שפיגלען אפ אויפן פאן פון מחברס לעבן און תקופה די פארשיידענע פאליטישע, עקאנאמישע, קולטורעלע און ליטעראריש - קינסטלערישע דערגרייכונגען אירע, קאמפן, שיטות, נצחונות און מפלות — איז די מעמוארן - ליטעראטור ביי אונז כמעט ווי נישט בנמצא. און ס'איז קיין וואונדער נישט. ווייל דארט, ווו די ריינע בעלעטריסטיק איז אזוי אן א שיעור ארעם הן אין קוואליטעט, הן אין קוואנטיטעט, קען נישט בליען אזא „קליינינקייט" ווי מעמוארן - ליטעראטור, וואס איז ביי אזעלכע טרויעריקע באדינגונגען א — לוקסוס, שוין אפגערעדט דערפון, וואס אויף דעם מין ליטעראטור קען זיך נישט יעדער פען - מענטש פארגינען, אין דאס מכמה טעמים: ערשטנס, פארדינט נישט יעדעס לעבן פארפיקסירט צו ווערן, ווייל באנאליטעטן, שאבלאנען און געוויינלעכע פאקטן אינטערעסירן אונז נישט, רופן נישט ארויס ביי אונז קיין געפיל פון פארוואונדערונג, באוואונדערונג און התפעלות, ווירקן נישט באלערנדיק און קענען נישט ווערן אוועקגעשטעלט ווי א מוסטער.

צווייטנס איז דאס מעמוארן - פראבלעם פארבונדן מיט א גאנצער ריי פעיקייטן, ווי: רייכער זכרון, אבסאלוטע אביעקטיווקייט, זעלבסטקריטיק, אמת-ליבע, באשיידנקייט, פעיקייטן, וואס זייער מחבר, אלס העלד מוז באזיצן. פארמאגט זיי אבער אפט נישט און גיט אונז נישט קיין ריינעם אמת אין זיינע זכרונות, נאר פארקערט — פארדרייט די היסטארישע און פערזענלעכע פאקטן און פאסירונגען און ברענגט אריין דערמיט א תהו-ובהו, כאאס און דעזאריענטאציע אין לעזערס מוח. אין בעסטן פאל אנטשטייט א סינטעזע פון דעם, וואס דער מחבר געדענקט מיט אבסאלוטער זיכערקייט און יענעם, וואס ער קאמבינירט-צו מיט זיין רייכער פאנטאזיע, און מיר באקומען מעמוארן, וואס שוועבן צווישן אמת און דיכטונג און מוזן ערשט ווערן קאנטראלירט און קאמענטירט דורכן ליטעראטור - פארשער.

אויב מיר וועלן בלויז פון די צוויי שטאנדפונקטן קוקן אויפן דניאל טשארניס לעבנסגאנג און זיינע „בלעטלעך", מוזן מיר פעסטשטעלן, אז זיין אינטערעסאנט, פילפארביק, רייך לעבן פארדינט געשילדערט צו ווערן, און אז ער פארמאגט אלע גרויסע מעלות פון א קינסטלער וואס דערציילט מיט חן און פשטות „דעם לעבנסגאנג פון איינעם א ייד, וועלכער גייט.." (גוטע דרייסיק יאר) „...געשפאנט אין דער יידישער פארטייאישער און אומפארטייאישער געזעלשאפטלעכקייט, ווי אויך אין דער יידישער ליטעראטור און זשורנאליסטיק ביי אלע זייערע עטאפן און שנויים". און מען מוז מודה זיין: אייגנארטיק, חידושידיק, פול מיט וואונדער און נסים איז דאס פראסטע, פשוטע לעבן פון דניאל טשארני, גלייך אייגנארטיק און אריגינעל אין זיינע צוויי טיילן: „משפחה-כראניק" (1888—1901) וואס נעמט ארום די ערשטע 13 יאר פון זיין לעבן און „פארטיי-כראניק" (1902-1914) וואס שילדערט די יארן פון „רעוואלוציאנערן אויפקום און אומקום, ווי אויך רענעסאנס - יארן אין דער יידישער ליטעראטור".

אין מינסקער גובערניע, אין דעם קליינעם פארוואָרפענעם שטעטעלע דוקאר איז ד. טשארני געבוירן געוואָרן אלס יינגסטער פון די 5 זין און האט געקרענקט אויף כלערליי חולאתן. די מאמע אבער, ברכה טשארני, פול מיט הארציקייט, געטריישאפט, ווארעמקייט און מלאכישער גוטסקייט באשיצט איר מוזיניקל און היילט און ראטעוועט אים מיט רירנדיקער מסירות-נפש. אן אפגעראטעוועטן ברענגט זי אים קיין מינסק צו זיינע עלטערע פיר ברידער. טשארני מאלט זיין שטעטעלע מיט זיינע פארשיידענע געשטאלטן, טיפן און באזונדערן שטייגער לעבן מיט ליבשאפט, ווארעמער צוגעבונדנקייט, היימישער משפחהדיקייט, לייכטן, שטיפרישן הומאר און בנעימותדיקן חן.

אין דער „פארטיי - כראניק" שילדערט טשארני די רעוואלוציאנערע יידישע באוועגונג, וואס איז אנגעפירט געוואָרן דורך ס .ס. און „בונד", ווי טשארנים צוויי ברידער, שמואל ניגער און ב. וולאדעק, זיינען געוועזן פון די אנגעזעענע טוער, ער פירט אונז, ווי אין א פילם, איבער פארשיידענע גרויסע וועלט שטעדט: ווין, זשענעווע, בערן, ווו ער טרעפט זיך צונויף מיט באוווסטע טוער, פערזענלעכקייטן און שרייבער. א באזונדער ארט פארנעמט אין דער „פארטיי - כראניק" די ווינער ס. ס.ישע קאמונע, וועמענס מיטגלידער ס'זענען געוועזן: טשערניכאוו - דניאלי, ד"ר מ. שאץ - אניו, וו. לאצקי - בערטאלדי, ד. טשארני און ליזע בערלין. ווילנע און ווארשע האבן אויך זייער חשוב ארט און וויכטיקע ראָל. עס טרעטן אויף פאר אונז באקאנטע שריפטשטעלער און טוער: ז. י. אנכי, אברהם רייזן, זשיטלאוסקי, נאמבערג, שלום-עליכם און דוד איינהארן, מיט וועלכן ר'איז געווען הארציג-באפריינדעט נאך פון די „ווילנער צייטן". אויב אין דער ערשטער העלפט פון די מעמוארן האט איבערגעוויגן ד. טשארני דער הולה, וואס קעמפט מיטן טויט, איז אין דער צווייטער העלפט מכריע ד. טשארני דער דיכטער, וואס באזינגט די שיינקייטן פון דער שווייץ („צוויי שוואַרצע שוואנען שווימען..") אדער שרייבט אן א רירנדיק הזכרה-ליד צום טאטן, וועלכן ר'האט שוין געהאט פארלוירן, ווען ר'איז נאך אין וויגל געלעגן: „...אין די ווייען פון דיין גסיסה, האט די מאמע מיך געבוירן".

ד. טשארנים מעמוארן-כראניק איז א וויכטיקער קולטור - היסטארישער דאקומענט, א זעלטן פסיכאלאגיש בוך, וועמענס בלעטלעך עס זענען תופס אן אומגעוויינטלעך אריגינעל, רייך, שעפעריש לעבן, וואס באוועגט זיך און לעבט זיך אוים צווישן די ברייטע תחומען פון די פראלעטאריש - יידישע פארטייען פון איין זייט און דער מאדערנער יידישער ליטעראטור - וועלט פון דער אנדערער זייט.

ווען די טרייע, גוטע מוטער, ברכה טשארני, האט פאר זיך אפגעראטעוועט איר געליבט קינד, די „געטשקע", די „פלאגע" דעם געפונענעם האט זי זיך נישט אפגעגעבן קיין דין וחשבון, וועמען זי האט ארויסגעריסן פון טויטס אכזריותדיקע רויב-נעגל פאר דער יידישער ליטעראטור: אן עכטן דיכטער, א ווערטפולן מענטשן, א רייכע פערזענלעכקייט מיט א צארט, סענסיבל געמיט און א קרישטאל - ריינעם כאראקטער.

אט די פילגעשטאלטיקייט טשאנים געפונען מיר אין די בלעטלעך פון זיין לעבן, וואס גייט אן איבעררייס פון „בארג - ארוף" צו „בארג - ארויף" „פון נייע וואנדערונגען און וואנדלונגען... צו נייע היימען און צו נייע היימלאזיקייטן".



דניאל טשארני / ווילנע.

# מיר עסן = אויף א מצבה*)

דעם זשורנאל „פרייל‏אנד“, וואס מיר האבן צעשיקט אין אלע עקן רוסלאנד האבן כמעט אלע באקומען. מער נישט, אייניקע פארטיי - חברים האבן זיך אין די בריוו צו אונדז געקלאגט, אז די פארפלוכטע רוסישע צענזור האט אויסגע-מעקט דעם לאזונג, „פראלעטאריער פון אלע פעלקער פאראייניקט זיך“.

זיי, די נאאיווע פארטיי - חברים, האבן גארנישט געקאנט חושד זיין, אז דעם לאזונג האבן די עסעסישע צעקיסטן גופא געלאזט אויסמעקן, כדי דער זשורנאל זאל קענען פריי ארײנקומען קיין רוסלאנד.

נאר וויבאלד דער זשורנאל איז זיך גוט „צעגאנגען“ און געהאט א גוטן אפקלאנג — מוז מען דאך גרייטן א צווייטן נומער. אמת, עס איז נישט געווען קיין גראשן געלט ביי דער נשמה, אבער ווער טראכט עס פריער פון געלט, כל זמן עס איז נאך נישט אינגאנצן פארטיק דער מאטעריאל.

ס'האט קודם כל געפעלט דער ארטיקל פון אים אליין, פון בערטאלדין. האט זיך בערטאלדי אווקגעלאזט אין די לאבירינטן פון זיין גייסטיקן באגאזש אויסזוכן א פאסיקן מאטא צו דעם ארטיקל זיינעם, כאטש די טעמע פון דעם ארטיקל גופא איז אים נאך נישט געווען באקאנט.

— דער ריכטיקער מאטא — פלעגט טענהן בערטאלדי — גיט שוין אויך די טעמע...

———

עס איז ווירקלעך געווען צום באוואונדערן, ווי אזוי לאצקי פלעגט געשמאק צופאסן די ארטיקלען זיינע צו די פארשיידענע פסוקים און שפרוכן פון די דא-מאלסדיקע בארימטע נאציאנאל - טעארעטיקער, און ס'פלעגט זיך, ווירקלעך, באקומען א מייסטער-ווערק, וואס נישט איינער פון אונדז פלעגט אים מקנא זיין.

יעדער געדאנק איז געווען ביי אים אזוי גוט דיסציפלינירט און קאנצענ-טרירט, כאטש נעם און שרייב א גאנצע דיסערטאציע וועגן איין ארטיקל זיינעם.

דערפאר אבער איז בערטאלדי געווען זייער פזרנותדיק אין זיין תורה שבעל-פה. ער האט תמיד געהאט צופיל געדאנקען און איינפאלן. וויפל ער האט נישט געקענט ארײנקנעטן אין זיינע ארטיקלען — פלעגט ער די מותרות זייער גערן אפשענקן יעדן איינעם, וואס פלעגט זיך אים מאכן אונטער דער האנט.

ער האט שוין געהאט אזא טבע, בערטאלדי, פארצולייענען זיינע מייסטער-ווערק פאר יעדן איינעם און נאכדעם זיי אליין קאמענטירן. ער האט געמאכט דעם איינדרוק פון א פייערשטיין, וואס שפריצט מיט פונקען צו יעדן איינעם, וואס קלאפט אויף אים מיט זיין אייזנדל.

איז ווער פון אונדז פלעגט עס נישט זיין געגוג נייגעריק, ארויסצובאקומען פון בערטאלדין די פונקען פון זיין שטארקן טעמפעראמענט?

פלעגן מיר אלע לעבן מיט זיין תורה שבעל-פה, וואס נישט איינער פון אונדז פלעגט עס שפעטער אביסל פארוואנדלען אין תורה-שבכתב...

אפילו די אייגענע פרוי זיינע, בערטע, פלעגט אפטמאל שטאלצירן מיט די

*) א קאפיטל פון זיין בוך מעמוארן „בארג-אראפ“.

געדאנקן פון איר מאן און לאצקי פלעגט נישט איינמאל כאפן התפעלות פון זיין פרווים גייסטרייכקייט, פארגעסנדיק דערביי, אז די דאזיקע תורה שטאמט דאך פון אים גופא...

אבער וואס רייכער עס פלעגט ווערן אונדזער גייסטיקער באגאזש — אלץ ארעמער פלעגט ווערן אונדזער קאסע. דער דלות איז שוין דערגאנגען אזוי ווייט, אז מיר פלעגן שוין נישט זיין בכוח צו באזוכן אלע אינאיינעם דעם „ארקאדן־קאפע", און מיר פלעגן פאר דער לעצטער קראנע אוועקשיקן איינעם פון אונדז אין קאפע, כדי צו כאפן דארטן א גמילת־חסדל. גאנץ אפט פלעגט דער דעלעגאט אונזערער זיך אומקערן פון קאפע מיט ליידיקע הענט, און די שטימונג פלעגט ווערן נאך ערגער.

מיך אבער פלעגט עס נישט ארן, ווייל ליידנדיק פון א מאגן־געשוויר האב איך סיי־ווי קיינמאל נישט געשפירט קיין הונגער.

אבער ווי מארקסיסטיש - מאטעריאליסטיש מיר זענען נישט געווען גע־שטימט — האבן מיר דאך קיינמאל נישט אויפגעהערט צו גלויבן אין נסים און, דער עיקר, נישט אויפגעהערט צו ווארטן אויף זיי.

האט טאקע ווידער אמאל פאסירט א נס, און ס'האט זיך פלוצלינג באוויזן אין ווין דער אלטער פארטיי־חבר פון רוסלאנד, סאניע כירגין.

ער, סאניע כורגין, א הויכער, דארער און בלאסער יונגערמאן מיט א גרויען קאפ און מיט נערוועזע אקסלען, האט, זיצנדיק אין קיעוו, זיך פארבענקט פלוצ־לינג נאך דעם צענטער פון דער פארטיי און ער איז געקומען זוכן אים אין ווין.

האט אט דער סאניע כורגין, וואס האט, אגב, געקענט אויף אויסווייניק אלע אריעס פון די סאמע שווערסטע אפערעס, אפילו אויך פון וואגנערס, גענו־מען אונדז טראקטירן מיט מיטאגס און וועטשערעס, מיט קאפעס און טעאטערס, און עס האט ווירקלעך אויסגעוויזן, ווי אונדזערע פארטיי - חברים פון רוסלאנ־זאלן האבן עקסטרע געהאט אראפגעשיקט כורגינען צו אונדז אין ווין, כדי צו באדאנקען דעם צענטער פאר דעם ערשטן נומער „פריילאנד".

אבער סאניע כורגין, לאזט זיך אויס, איז נישט געבליבן צופרידן מיטן „צענטער". ער האט געטענהט, אז פאר די יידישע מאסן אין רוסלאנד זענען נויטיק איצט נייע לאזונגען, וואס זאלן זיי אנפאמפען מיט נייעם קאמפסלוסט. און כדי אפצולצעווען אביסל פונם צעקא — האט ער באשלאסן ארויסצוגעבן בסוד־סודות פונם צעקא א סאטירישן בלעטל. וואס זאל צווינגען די צעקיסטן צו פארטראכטן זיך איבער די נייע פראבלעמען און לאזונגען פון דער עסעסישער פארטיי.

נאר דעם ד"ר שאץ־אנין און מיר האט כורגין פארטרויט דעם פלאן זיי־נעם, ווייל ער האט אונדז געמוזט האבן אלס מיטארבעטער.

האבן מיר בגנבה איינגעקויפט א העקטאגראף און פארלייגט א דרוקעריי מיט א רעדאקציע אין כורגינס האטעל - צימער. אין משך פון סך־הכל פיר־פינף טעג האט זיך באקומען א זעכצן־זייטיקער זשורנאל „קאמונע" אין דריי שפראכן רוסיש — כורגין, דייטש — שאץ־אנין, יידיש — איך.

אין איינעם א שיינעם (ד. ה. זאטן) פרימארגן האבן די דריי צעקיסטן אונ־דזערע (לאצקי, דאווידאוויטש און דאניעלי) באקומען דורך פאסט צוגעשיקט צו נומערן פון אונדזער „קאמונע", און די איבערראשונג ביי זיי אלעמען איז גע־

ווען אזוי גרויס, אז מען האט ערנסט גענומען שמועסן וועגן דער נויטיקייט פון א פארטיי ־ צוזאמענפאר...

אזוי ארום האט זיך אונדזער שפאס פארוואנדלט אין א בייזער קריטיק אויף דער גאנצער פאליטיק פונם „צענטער״.

— ערשט איצט וואלט נויטיק געווען ארויסצולאזן א פרישן נומער „פריילאנד״! — האט דאווידאוויטש גענומען צושטיין צו לאצקין.

אבער ווו נעמט מען די נויטיקע געלט-מיטלען?

די האפנונג, אז סאניע כורגין וועט סובסידירן אזוי ברייט דעם „פריי־לאנד״, ווי ער האט געהאט סובסידירט די קראמאלע־„קאמונע״, איז צערונען, ווי א רויך, ווייל סאניע כורגין איז פון אונדז פארשוונדן פונקט אזוי אומגע־ריכט, ווי ער איז צו אונדז געקומען.

ס׳האט אויסגעזען, ווי ער וואלט זיך געהאט פלוצלונג פאר עמעצן דער־שראקן, און ער האט געמוזט וואס-גיכער עוקר זיין פון ווין.

לאזט זיך אויס, ווי איך האב שפעטער דערפארן, אז סאניע כורגין איז גאר געווען געקומען קיין עסטרייך שטעלן א מצבה זיינע עלטערן און א שוועס־מער, וואס זיינען מיט אייניקע יאר צוריק אומגעקומען, פארנדיק אין די בעדער. ריכט, ווי ער איז צו אונדז געקומען.

ער, סאניע, אלס איינציקער יורש, פלעגט יאר־איין, יאר־אויס באקומען פון דער עסטרייכישער אייזנבאן א גאנץ באדייטנדיקע פענסיע פאר די אומגעקו־מענע עלטערן און שוועסטער, און אט פאר דער דאזיקער פענסיע האט ער גע־האט בדעה צו שטעלן היינטיקס יאר א מצבה זיי אלעמען דרייען — איז ער אבער אריינגעפאלן אין אונדזער „קאמונע״, און מיר האבן די מצבה זיינע אויפגעפרעסן.

שטערנזעער און מיסטיקער וואלטן שוין זיכער געפונען א וועלכע נישט איז יענוועלטיקע פארבינדונג צווישן דעם טראגישן טויט פון סאניע כורגין, וואס איז דערטרונקען געווארן, שוין זייענדיק א באלשעוויק, ביי די ברעגן פון ניו-יארק, און צווישן דער אויפגעפרעסענער מצבה, וואס ער האט געזאלט אוועקשטעלן אויפן קבר פון זיינע פריצייטיק ־ אומגעקומענע עלטערן און שוועסטער.

— ווער ווייס?

---

# קויפט, אבאנירט און פארשפרייט דעם „רעפלעקטאר״!

משה בלעכער / קראקע

# ל י ד ע ר




## אין טאָג פון גרויסן משוגעת...

אין טאג פון גרויסן משוגעת,
ווען פון טאנצנדיקע פלאמען - שדים
וועלן שלענגלען זיך צום כמורנע הימל
שטיקנדיקע רויך - קנוילן
און פון דארפיש - דרימלענדיקע גאסן
פלוצלינג זיך דערטראגן
יללות'דיקע וויי - געשרייען
און פחדנישע תפילות
אויפ שרעק-פארקרומטע מיילער, —
אין יענעם טאג פון גרויסן משוגעת
וועל איך ווי תמיד שטאפן מיר
מיין ציגיינערישע ליולקע
מיט סטאישער גלייכגילטיקייט
און מיט פונקטלעכקייט פעדאנטישער
אפשטויבן מיין ארעם קלייד און שוך,

אום מיט כבוד צו באגעגענען
דעם אויסגעבענקטן יום - טוב,
דעם מענטשס דערלייזונגס - טאג...

מעג ווארעם בלוט מיין ציכטיק קלייד
באפארבן פורפורן, —
מעג טויט זיך פראווען גלוסטיק
זיין קאניבאלן - מאלצייט:
עס וועט מיין הארץ אויפגליען דעמאלס
אן אנדער ליבע - פייער גאר...
עס וועט מיין הארץ אויפטרייסלען דעמאלס
א הייליק האפערדיקער ציטער
צו די קומענדיקע פרייע דורות
און מיין אויג
באשטראלט פון דעם וויזיע - שיין פון נייעם מארגן
וועט קיין איינציקע רחמנות - טרער
נישט פאלן לאזן ביי דער שאנד - מצבה
פון קין־מערדערישער וועלט...

און ווען אויף אש - באדעקטע חורבות
וועלן ברידער פרייע,
אין פיין אויגעפרוווטע
נייע זריעות פארזייען
מיט הילכיקן פרייד - געזאנג —
וועט אויף אומעט - ברעגעס
פון מיין פארפייניקט הארץ
אויפשיינען העל א נייע ליבע - פאקל
מיט בראשית - זוניקן פלאם:
פאר געלייטערטער וועלט
און ניי - געבוירענעם מענטש!...

---

## פארמעטענע פנימער...

אין וויסטן קאראהאד פון לעבן
מענטשן - שאטנס שוועבן,
גרויע נעפל - סילועטן,
דארע, וואקסענע סקעלעטן
מיט פנימער פון פארמעט —
אז גאט זאל זיך דערבארמען —
צארטע ווי שפין - געוועבן
אן צורה און אן לעבן:
גלאזפארשטארט דער בליק
אן א שטראל פון גליק

מיט א פארגליווערטן שמייכל
ווי נישט פון מענטשנס וועלט
(אליץ קויפט מען זיך פאר געלט, —
נאר נישט די רו, די סאמעט - ווייכע...)
און זייער בטול - שטייגער
שרעקט און שטויסט דיך אפ
און שעה׳ן אויפן זייגער
האמערט — עגבערט דיר דער קאפ...
קוקסט מיט פארווונדערונג
און ציסט די ברעמען הויך,
אין דיר ברויזט אויף א דונער - קויל
און ס׳שעפטשעט שטיל דיין מויל:

א, פנימער פון פארמעט!
אין זיי אזויפיל אומעט
פון שווארצער מרה - שחורה,
ווי דורכגעאקערט טיף
פון זארגן שווערע ווי בליי...

און א געדאנק עס קומט אזא:
זיי זענען אפשר הייליקער
פון אלע ספרי - תורה...
צי שטייען אויף זיי נישט אנגעחתמעט
מיט אייגן בלוט
מער ווי צען געבאט
און אלע הארבסטע לאו׳ן,
וואס האבן זיי פארפייניקט?...

זיי זענען שטומסטע עדות
פון טריב - דורכטרערטע זיפצן
און ניט - דערלעבטע טעג,
נעכט ניט - דערשלאפענע,
אנטוישטע האפנונגס - בליצן...

צ׳אזעלכע פארמעט - פנימער
וויל זיך דיר צופאלן
ווי צו מאמע - נאענטסטע —
ברידער - שוועסטער ליבע —
ווי צום אויסגעבענקטן
אייגענעם שטיקל ערד,
וואס טראגט אין שוים
דיין לעבנס - ברכה —
און האלדזן זיי און טוליען

און זיגלען זיי מיט קושן,
ווי ־ יוען דו וואלסט זיי וועלן
אפצאלן פון דיין פרייד
מעשר ־ כהן דאפלט
און ווערן צו זייער צער
א שטימער, טרייער שותף...

ווייל פנימער פון פארמעט
אין זיי אזויפיל אומעט,
ווי דורכגעאקערט טיף
פון שווארצער מרה ־ שחורה,
פון זארגן, שווערע ווי בליי, —
זיי זענען ווי כפרות,
וואס מע שלאגט פאר דיינע זינד,
וואס טרינקן גיפט פאר דיינעטוועגן
פון ביטערן לעבנס ־ בעכער —
טראפן נאך טראפן —
פירן א שאטן ־ לעבן,
ווי שטילע לאמער ־ וואו
אין שטארבן ווי קדושים,
אן פאראד:
קבורת ־ חמור,
אין א ווינקל, ביים פלויט פון דער וועלט...

פנימער פון פארמעט!
הייליקסטע ספרי ־ תורה!
פון זייער טיפן צער און אומעט
שיינט אויף אונדז
שכינה ־ ליכט אראפ — — — —



**משה נאדיר** / ניו־יארק.

## כ'קען א דיכטער...

כ'קען א דיכטער א פעדאנט,
וואס פאריכט גרייזן געדרוקטערהייט —
און מיט דעם איז ער שוין יוצא פאר זיך
און פאר זיין געוויסנהייט.

ער מעקט אויס א שטרעכעלע דא
און שטעלט צו א פינטעלע דארט,
און ער האלט, אז ער איז זייער אפגעהיט
אין זיין געדרוקט ווארט.

נאר די לעזער, די לעזער זיינע,  
וואס ער טוט מיט חכמה שפייזן —  
זיי עסן געבעך רויערהייט  
זיינע געזונטע גרייזן.

כ׳קען א דיכטער א פעדאנט,  
וואס מיאוסט זיך „צו שיסן, צו מעסערן”,  
נאר אז די רעוואלוציע וועט שוין זיין געמאכט,  
וועט ער קומען — אויסבעסערן...

(פון דער פאעמע „א וועלט מיט ארבעט”)



אויף דער ליציטאציע:

— „קויפט דעם שקל”! — „קויפט נישט דעם שקר”!

גענייכנט פון מ. שטאמבערגער.

# נאטיצן פון א טעאטער־רעצענזענט.

## I. וויאזוי אָרגאניזירט די קראָקעווער טעאָטער־געזעלשאפט אַ דראַמאַטישע סטודיע?

די קראקעווער טעאטער-געזעלשאפט האט אדורכגעמאכט פארשיידענע גלגולים און כלערליי מעטאמארפאזן, איז זיך זיבן מאל צעפאלן און האט זיך צען מאל רעארגאניזירט, האט אבער אין קיין שום פאזע פון איר קיום און אזויגערופענער טעטיקייט נישט אויפגעטאן עפעס ממשותדיקס, עפעס, וואס זאל געבן צו וויסן דעם בעסערן טעאטער - באזוכער, אז עס וואכט ערגיץ אן אויג א געניטס איבערן צוקלויב פון רעפערטואר, אקטיארן און בינע. במשך פון איר לאנגיאריקער עקזיסטענץ האט זיך אויפן קראקעווער טעאטער - געביט גארנישט געביטן, כאטש די אויפגאבע פון דער טעאטער-געזעלשאפט איז געווען צו זארגן אז דער אקטיאר זאל נישט שפילן אין קיין חזיר - שטאל ביי באדינגונגען פון מסירת-נפש, נאר אויף א האלב-לייטישער סצענע, וואס באזיצט אויך א גארדעראבע ווי ביי לייטן און נישט קיין הינטישע בודקעס, וואס גרענעצן שכניש מיטן „אראמאטישן" שטיבל פון קלאזעט... כאטש די טעאטער - געזעלשאפט, זאס איז געווארן סובסידירט פונם מאגיסטראט מיט גאנץ נישקשהדיקע סומעס האט געהאט דעם סטאטוטישן חוב צו טראכטן, אז דער טעאטער-באזוכער זאל געשפייזט ווערן נישט מיט „היינטיקע מיידלעך", „ציגיינערישע ליבע" און אנדערע מאכערייקעס, נאר מיט גוטע, סאלידע פיעסעס פון פאראנטווארטלעכע מחברים. ביז ס'איז געקומען דער קריזיס און דער ארויסטריט פון דער מערהייט מיטגלידער פון דער פארוואלטונג אלס פראטעסט קעגן דער טעאטער-פאליטיק פון א פאר יחידים מיטן „פרעזעס" שלום (וואס הייסט זיך רופן פרידעריק) פריינד בראש און דאס טעאטער-פעלד איז געבליבן פארווארלאזט און הפקר — אזוי, אז ס'האבן אויף אים אנגעהויבן ווילדעווען אומבארופענע עלעמענטן, וואס האבן זיך אוזורפאטאריש אנגערופן „דירעקטארן", אראפגעבראכט הונגעריקע אקטיארן און זיי געהייסן פאר אן ארעם שטיקל ברויט שפילן שונד און פארנאגראפישע „פיעסקעס" פון ארגסטן מין. און קיינער האט נישט פראטעסטירט. נישט דער פרעזעס פריינד און נישט דער אמטלעכער קריטיקער און עסטעט ד"ר משה קאנפער, וועמענס ארגאן ס'האט אפילו געשריבן רעצענזיעס וועגן יענע שמירעס און שרייבעכצער. (וואס טוט מען נישט אלץ פאר געלט?...)

ביז ס'איז אנגערוקט דער זינטער מיט זיינע לאנגע, נודנע אוונטן און נעכט, ווען באלעבאטישע, זאטע, זארגלאזע הערן זיצן ביים ברידזש-טיש און ווײלן זיך, אין יענע נעכט איז ביי עטלעכע אזעלכע הערן געבוירן געווארן דער געדאנק צו רעאקטיוויזירן די טעאטער - געזעלשאפט און ארגאניזירן פאר יעדן פרייז א דראמאטישע סטודיע. און אט האט מען געלייענט אין די חדשים יאנואר פעברואר ה. י. מעלדונגען און ווענדונגען אין „נאזוי - דזעננניק", אז עס ווערן אנגענומען קאנדידאטן פאר דער דראמסטודיע, וואס ווערט געגרינדעט דורך דער טעאטער - געזעלשאפט. מאחורי הפרגוד האט מען געהערט נעמען פון פארשיידענע רעזשיסארן און בתוכם אויך דעם איצטיקן — מ. כ"ץ און מ'איז געווען זיכער, אז נאכן אבקלייב פון פאסיקן סטודיאנטן - מאטעריאל וועט זיך אנהויבן א פלאנמעסיקע, סאלידע, ברייט - פארצווייגטע שטודיר־ און בילדונגס-ארבעט לויט דער מאדערנער שיטה און נייעסטן פראגראם פון די בעסערע דראמשולן. אזוי האבן נאיווע מענטשן געגלויבט, מענטשן, וואס האבן אויפריכטיק געמיינט, אז די טעאטער - געזעלשאפט איז אויסן און מסוגל צו שאפן עפעס דויערהאפטעס

און ווערטפולעס מיט אחריות און קרבנות און אויסדויער. אט־די נארישע אפטימיסטן האבן זיך באלד ביטער אנטוישט. ווייל שוין צוויי חדשים שפעטער איז די סטודיע, וואס האט נאך קיים באוויזן עפעס צו לערנען, ארויסגעטראטן פאר דער עפענטלעכקייט מיט א „טאקסע״ - פראגמענט בכדי אין יוני - חודש — צו שפילן טעאטער. אדרבה, זאל זיך מעלדן ווער און זאגן, אז דאס איז דער ריכטיקער דערציונגס־וועג פון א סטודיע, אז אזא מעטאד, וועלכן די טעאטער - געזעלשאפט ווארפט־אן דעם רעזשיסאר און זיינע סטודיאנטן, איז נישט שעדלעך, אומפעדאגאגיש און עם־הארציש. מען מוז זיך דערמאנען אן ד״ר מיכאל וויכערטס „יינג־טעאטער״ און זיינע לאנגע, שווערע לערן־יארן ביז ער האט עס געוואגט ארויסצו טרעטן פאר א געקליבן פובליקום פון מבינים, קריטיקער און פריינט — דאן ערשט — נאך דעם געלונגענעם פרווו איז אן ענגן קרייז — פאר דער ברייטער עפנטלעכקיים. שוין איבער א יאר ווי א העברעישע סטודיע לערנט און שטודירט אונטער מארק ארנשטיינס רעזשי און לייטונג און נאך וואגט זי נישט ארויסצוטרעטן ווי א טרופע פארן ווארשעווער עולם. און דא, אין קראקע, וו די יידישע קולטור - סביבה (מ'שטיינס געזאגט) שטייט נישט אין קיין שום פראפארץ צו דער ווארשעווער סביבה און אטמאספער, דא שפילט מען נאך א דילעטאנטישער צוגרייטונג (ווייל אין אזא קורצער צייט קען מען זיך נישט איינלעבן אין א טעאטער - שטיק מיט אלע זיינע זייטן און ניואנסן און בפרט — אין לייוויקס א פיעסע) לייוויקס „שאפ׳, אבי זיך צו אפישירן, אז די דראמסטודיע ביי דער קראקעווער טעאטער־געז. שפילט אט די דראמע „צום ערשטן מאל אין פוילן״.

צי דארף מען זיך דא וואנדערן, ווען מ'האט געהערט אן אומקלארע, רויע, נאך נישט געשולטע דיקציע, א מיש־מאש און תהו־ובהו פון פארשיידענע יידישדיאלעקטן, פון גאליצישער און ווילנער אויסשפראך און אומגעלומפערטע שפראך גרייזן?

נישט גענוג, וואס די לייטער פון דער טעאטער־געז. מיט ד״ר קאנפער אלס פוסק אחרון האבן אנפארטרויט די רעזשי א מענטשן, וואס איז בנוגע יידיש, יידישער ליטעראטור און יידיש טעאטער אלס עמאנאציע פון אלע יענע דרימלענדיקע פאלקס־כחות, וואס קומען צום אויסדרוק ערטש דורכן דיכטערס פארמיטלונג, דורך זיין דראמע, זיין סביבה, זיינע פערזאנאזשן און סיזשעטן — כמעט ווי א „נעאפיט״, כאטש טאלאנטירט און פול מיט אינטעליגענץ און אינטויציע, שיקן זיי אים ארויס נאך אזא נישטיקער צייט פון ארבעט „שטעלן״ פיעסעס. איז דאס פאראנטווארטלעכקייט?

„סטודיע״ מיינט דאך שול, זוכן, פארשן, עקספערימענטירן, פרווון, בויען און פארניכטן, מאכן פעלער און אויסבעסערן זיי. „סטודיע״ מיינט נישט פשוט שפיל, נאר צילט צום אידעאל פון טעאטראלישע מעגלעכקייטן, מאסקע, מימיק, גרים, עקספרעסיע, ווארט־שפיל און שטים־קלאנג, ווארט־קאלאריט און שטים־מאדולאציע, טאנץ־ און ליכט־שפיל, דעקאראציע און קאנסטרוקציע, טעקסט־אינטערפרעטאציע און ראלן - פארטיילונג לויט א גערעכטן, אינדיווידועלן מאסשטאב, וועמענס קריטעריום ס'איז נאר איין זאך: פעיקייט און צוגעפאסטקייט. „סטודיע״ איז רעפרעזענטאטיוו אוואנגארד - טעאטער, וואס איז אייביק אומצופרידן מיט אלטע פארמען און שאבלאנען און זוכט און אנטפלעקט נייע, נאך נישט באטראטענע סטעזשקעס און וועגן.

ווי קען אלזא „סטודיע״ זינדיקן קעגן זיך אליין? ווי קען זי זיך אליין פארלייקענען, ווען זי טרעט ארויס (צום ערשטן מאל!) אן א יידישן נאמען אויף אן אפיש, וואס איז אינגאנצן פויליש, פרעמד, סתירהדיק - פיינטלעך צום פארויסבאשטימטן ציל: צו ווערן אן אידעאלער קולטור־טרעגער פון יידישער שפראך און

דראמע? אט דער אפיש, וואס איז אן אוניקום אין גאר דער יידישער וועלט און האט נישט זיין גלייכן ביי קיין שום אומה ולשון, דער אפיש איז ווי א סימבאל פארן גייסטיקן פרצוף־פנים פון יענע טוער, וואס שטייען ביים וויגל פון דער ער־שטער יידישער דראמסטודיע אין קראקע.

## II. ה. לייוויקס „שאָפּ“ אין דער דראמסטודיע ביי דער „קראקעווער געזעלשאפט יידיש טעאטער“.

וואלט איך נישט געזען קיין מעגלעכקייטן פון פאזיטיווער ארבעט, וואלט איך יענע הקדמה נישט געשריבן און דער טעאטער - געזעלשאפט קיין שום פארווורף נישט געמאכט. די פרעמיערע פון „שאפ“ האט אונדז אבער באוויזן דעם היפוך: אז צווישן די קרוב צוואנציג סטודיאנטן (און נישט „אקטיארן“, ווי ס'הייסט אין דער רעצענזיע פון נאווי־דז.) זיינען פאראן עטלעכע קאנדידאטן צוליב וועמען ס'איז כדאי צו ארבעטן און אויפהאלטן די סטודיע, אבער אין נארמאלע באדינגונגען, ביי א געהעריקער ארבעטס־מעגלעכקייט, אויסדויער, גע־דולד און אויסבילדונג. די סטודיאנטן טארן נישט ווערן עקספלאאטירט אויף קיין שום אופן און צוליב קיין שום ענין, אין וועלכן די טעאטער־געז. איז פאר־אינטערעסירט (למשל: בכדי צו באקומען א סובסידיע און ווייזן יענע פאקטארן, אז די סטודיע שאפט און „שטעלט“ דראמען, ווי ס'איז געווען דער פאל מיט אן איינגעלאדענער דאמע פון די אפיציעלע קרייזן אויף דער „שאפ“־פרעמיערע).

די פיעסע גופא איז נישט געווען אריגינעל אויפגעפאסט פון דער רעזשי, וועלכע האט נישט גענוג אויסגענוצט דעם סאציאלן געראנגל, וואס שפילט זיך אפ צווישן די באסעס און ארבעטער און האט נישט גענוג בולט אקצענטירט דורך א געהעריקן גרים און מאסקע פון יעדן טיפ באזונדער די פארשיידענע אפענע און פארבארגענע פסיכאלאגישע שטוים - כוחות, וועלכע האבן אים גע־טריבן צו אזא אדער אן אנדער טאט, צו שטרייק אדער פאראט, צו אומבע־רחמנותדיקער עקספלאאטאציע פון ארבעטער (גולד), חרטה־געראנגל און בעל־תשובהדיקער פארייניקונג מיטן ארבעטער (וואלף), זיג פון פליכטבאוווסטזיין איבערן שטרעבן צו אייגן ליבעס גליק (מינע) א. א. די דעקאראציעס זיינען ארעם און ביליק און ריידן נישט מיט אין סימפאנישן צוזאמענשפיל פון ווארט־קלאנג און פארב, בעת דער ריטם און דאס טעמפא פון קאלעקטיוון אנסאמבל־שפיל זיינען נישט געווארן אויסגענוצט און די כארעאגראפישע זייט נישט פאר־טיפט.

די סטודיאנטן האבן פון זייער זייט געגעבן ביי די דערמאנטע באדינגונגען א מאקסימום און ארויסגעוויזן גוטן ווילן און א היפש ביסל פארשטענדניש פארן דעביוט, עטלעכע פון זיי האבן ארויסגעוויזן בולטע סימנים פון שוישפילערישן טאלאנט ווי נ. כמיעלניצקא (ראיע), וועלכע מוז אבער סאליד ארבעטן איבער איר דיקציע און ווארט־קלארקייט, ריטא שטרויך (מינע), ס. מיזאנט (גוידי), גור־ארי (וואלף), מ. ווילקנפלד (גולד), וו. בלאזבאלג (בארקאן), ב. סראקא (שלמה היים), ש. זינדל (בער) און מ. הירשל (ליפמאן).

ווען די רעזשי האבן צייט און מעגלעכקייט אויסצונוצן די נאך דרימלענ־דיקע און שוין וואכע פעיקייטן פון אט די סטודיאנטן, פארטיפן זייער וויסן און שוישפילערישע אויפגאבן און אויסבילדן די שוואכערע כוחות — דאן וועט די סטודיע זיך אנטוויקלען און ווערן א וויכטיקע יידישע קולטור - פאזיציע אין אונזער אסימילירטער שטאט, א וואכפאסטן, וואס וועט אויפהיטן און אפהיטן די בעסערע יידישע טעאטער - טראדיציעס פארן קולט פון יידישן ווארט און קינסטלערישע פארמען. ווייל ארבעט און מי, טאלאנט און גוטער ווילן, פאר־אנטווארטלעכקייט און זעלבסטקריטיק מוזן ברענגען גוטע רעזולטאטן און קינ־סטלערישע נצחונות. און דאס דארף זיין די הויפטאמביציע פון אלע סטודיאנטן.

**א. קריט.**

# כראניק

## ליטעראטור — קינסט — קולטור

— נאכן דערשיינען פון ערשטן נומער »רעפלעקטאר« זיינען אנגעקומען אין רעדאקציע אן א שיעור באגריסונגען, גליקזונטשן, קריטישע באמערקונגען פון באוווסטע שרייבער, קינסטלער, קולטור-טוער און דער ברייטער לעזערמאסע, וואס רעקרוטירט זיך צום גרעסטן טייל פון ארבעטער און הארעפאשניקעס ווי אויך יידישיסטישער אינטעליגענץ. צוליב דוחק אין ארט וועלן מיר אויסצוגן פון די אויבנדערמאנטע באגריסונגס-בריוו ברענגען אין קומענדיקן נר. איצט ווילן מיר בלויז אויסדריקן אט די אלע פריינד, וואס באציען זיך צו אונזער אנהייב מיט אזא ווארעמקייט און משפחהדיקייט, אביעקטיווקייט און קריטיציזם (טאקע דא דערקענט מען דעם פריינט!) אונזער הארציקן דאנק און זיי פארזיכערן, אז פון נומער צו נומער וועלן מיר אונדזער זשורנאל פארבעסערן און בארייכערן און אים געבן יענע אויסגעהאלטענע ליניע און כאראקטערשטריכן, וועלכע וועלן אים אויפדרוקן דעם סטימול פון א פראגרעסיווער, מוטיקער, קעמפערישער טריבונע.

— אויף די שפאלטן פון לעמבערגער „צושטייער” איז מיט גרויס פאמפ און פאראד אנגעזאגט געווארן די בילדונג און ארגאניזירונג פון א גרויסער גאליצישער קולטור-ארגאניזאציע מיט א ברייטן פראגראם. ס׳איז אפילו פארגעקומען א שטיקל צוזאמענפאר פון קולטור - עסקנים און שרייבער (אוודאי האט נחמן מייזל נישט געטארט פעלן) און ארויסגעגאנגען איין נומער „יידיש”, וואס האט געזאלט ווערן דער ארגאן פון אט דער געפלאנטער ארגאניזאציע. דאס איז געוועזן מיט א יאר פינף צוריק. און היינט? וואס איז געווארן פון דעם שיינעם פלאן און פון דעם ענטוזיאזם? נישט מער ווי א דערינערונג, א פריש בלעטל פראזעאלאגיע, וואס באווייזט אן איבעריק מאל אונדזער אימפאטענץ, עפעס ממשותדיקס אויפצוטאן.

און אויפצוטאן איז דא זייער, זייער א סך. מ׳דארף אפראטעווען פון די נעגל פון דער אלץ - וואקסנדיקער אסימילאציע אין אונדזער קאנט, וואס עס לאזט זיך נאך אפראטעווען און פארפעסטיקן די ארעמע פאזיציעס, וואס זיינען נאך געבליבן אומבארירט. עס מוז אבער שוין געשען, ווייל ס׳קאן נאך זיין צו שפעט... דאן זאל מען זיך נישט וואונדערן, ווען קראקע, למשל, האט נישט און וויל נישט האבן קיין אייגן יידיש ארגאן, קיין איין יידישע שעפערישע קולטורפאזיציע. מיר הופן אלע קולטור - פריינד אין גאליציע זיך צו שטעלן מיט אונדז אין פארבינדונג, אין ערשטער ריי אלע יענע שרייבער און טוער, וואס האבן געווארפן דעם ערשטן פלאן, אנגעצייכנט ארבעטס-ליניעס און נישט דערגאנגען צום ציל.

— שבת דעם 22-טן יוני איז אין די שיינע זאלן פון קראקעווער יידישן אקאדעמישן הויז פארגעקומען דער שוין לאנג דערווארטער אוונט פון משה בלעכער און אירמא קאנפער, וואס האבן אנגעשריבן און אויסגעפירט מיט סאטירישער בייסיקייט און געלונגענער הומאריסטישער אינטערפרעטאציע לידער, מאנאלאגן און סקעטשן און אפגעחוזקט פון היימישן ליטערארישן און פאליטישן וועלטל און — פון זיך אליין, ביים אקאמפאניאמענט פון פאפולערע שלאגערס און ראמאנצן. יעדער נומער איז געווארן אילוסטרירט מיט קאריקאטורן פון באוווסטן מאלער ל. באכנער, וועלכע האבן ארויסגערופן גרויס הייטערקייט אין פול געפאקטן זאל. ביים קלאוויר — דער יינגער טאלאנטפולער פיאניסט מ. האפמאן. דער אוונט איז אדורך מיט גרויס דערפאלג.

— אומעטום גרייט מען זיך יום-טובדיק צום וועלט - צוזאמענפער פון ייווא, וואס עפנט זיך אין ווילנע שוין דעם 14-טן אויגוסט ה. י. אין קראקע אבער איז שטיל, ווי קיינמאל גארנישט. קיינער וועקט נישט דעם אינטערעס פארן צוזאמענפאר, קלערט נישט אויף זיין וויכטיקייט און צוועק און מען הערט נישט ,אז עמיצער פון די ייווא-פריינד זאל פארן קיין ווילנע, אפילו די „געזעלשאפט פריינד פון ייווא" האט נאך נישט אפגעהאלטן קיין איין זיצונג, וואס זאל זיין געווידמעט אט דער פראגע. אפשר איז טאקע וויכטיקער צו זיין אפגעברענט פון דער זון ווי זיך אפגעבן מיט אזעלכע „נישט - פראקטישע" ענינים. וואס זאגט אבער די ווילנער צענטראלע צו אזא מצב? אזוי לענגער קען עס שוין נישט אנהאלטן, עס מוז קומען א ראדיקאלע ענדערונג אין אופן באהאנדלען פון וויכטיקע ייווא - ענינים דורך די אזויגערופענע אנפירנדיקע לאקאלע אינסטאנצן, ווייל ייווא טיילט נישט קיין כבודים, נאר פארלאנגט ארבעט, אויסדויער און טאג-טעגלעכע רעאליזאציע פון זיינע — אונדזערע צילן. און די, וואס פארשטייען דאס נישט, מוזן פלאץ מאכן פאר אנדערע, וואס האבן סיי מער צייט, סיי ווילן און מעגלעכקייטן צו דינען שלאגלעריש דעם ייווא.

— מאנטיק, דעם 24 טן יוני ה. י. איז פארגעקומען אין ווארשעווער „נא-וואשצי"-טעאטער אונטערן פראטעקטאראט פונם יידישן ליטעראטן - פאריין, פען - קלוב און ארטיסטן פאריין א גרויסע פייערונג לכבוד דעם צעניאריקן יובילייט פונם ייווא א. ד. נ. „דער יידישער ליטעראט, ארטיסט, זינגער און מוזיקער פארן ייווא".

— אין צוזאמענהאנג מיטן 40-טן געבוירנטאג פון יעקב באטאשאנסקי וועלן אין ב.-איירעס פארקומען פייערונגען לכבוד דעם יובילאר און ס'וועט ערשיינען א באטאשאנסקי - בוך ביי דער באטייליקונג פון שרייבער און טוער אין און אויסער ארגענטינע.

— דער באוווסטער יידיש - סאוויעטישער שרייבער ע. פיניבערג האט איבערגעזעצט געטעס „פאוסט" אויף יידיש. די איבערזעצונג גיט ארויס דער פארלאג „עמעס" אין מאסקווע.





בעטלער ביים קראקעווער בית-עלמין פאט. ה. פייט

**Mamusiu!**
**tylko**
**CUKIERKI**
**Z NAPISEM**
**Kanold**

---

Najlepsze wyniki zapewnia
P. T. Dentystom **złoto**
znanej marki

## „DENTAURUM"

**HENRYK GINGOLD**
KRAKÓW
UL. POSELSKA 18
TELEFON Nr. 157-53

---

Uprawniony technik - dentysta

## JÓZEF BRATT

**KRAKÓW**
STAROWIŚLNA 52. Tel. 122-54
(róg Miodowej)

WYKONUJE

wszelkie prace w zakres nowoczesnej dentystyki wchodzące (korony porcelanowe, protezy niełamliwe) po cenach przystępnych i na dogodnych warunkach.

---

## *CH. W. EILBAUM*

*KRAKÓW, SŁAWKOWSKA 25*

*Farby artystyczne*
*w proszku Lefranca.*
*Farby w tubach.*



*Specjalności*
*dla malarstwa artystycznego.*

---




**Wyroby**
**rytownicze**
i wytwórnia
pieczątek kauczukow.
etykiet tłoczonych.

**Szyldy emaljowane**
**i metalowe**

## A. FISCHHAB

KRAKÓW
GRODZKA 46. Tel. 133-56

---

= KOLEKTURA =

## „KLASÓWKA"

HENRYK SPERLING
KRAKÓW, RYNEK GŁ. 5

LOSY I. KLASY DO NABYCIA.
1/4 LOSU 10·— ZŁ.

---

## J. MEITLIS

**SKŁAD BLACHY**

**Kraków**
**Starowiślna 87**
Telefon 106-89

Cena nru 50 gr., zagr. 10 ct. amer. Opłata poczt. uiszczona gotów.

# DER REFLEKTOR

**Miesięcznik literacko - artystyczny pod red. Mgra Mojżesza Blechera**

Adres redakcji i administracji: Kraków, Bonerowska 6. Skr. poczt. 136
Redaktor przyjmuje codzien. (z wyjątkiem sobót i niedziel) od 18—19
Telefon 119-05. — Konto P. K. O. 407.890.

פון דער רעדאקציע: מיטן היינטיקן פארגרעסערטן נומער גייען מיר איבער פונם צייטונגס־פארמאט צום העפט־פארמאט, וועלכער איז פאר א חודש־זשורנאל לכל הדעות מער צוגעפאסט. מיר גלויבן, אז די דאזיקע ענדערונג וועלן אונדזערע לעזער, אבאנענטן און פריינד אויפנעמען מיט צופרידנקייט.

## ביכער און צייטשריפטן:

**חניאל טשארני:** „בארג־ארויף". (בלעטלעך פון א לעבן). מעמוארן. —פארלאג „ליטעראַרישע בלעטער". ווארשע 1935 — 302 זייטן מיט 7 אילוסטראציעס. הילע געצייכנט פון אומע אלקעניצקי (ווילנע).

„**וויסנשאפטלעכער זשורנאל" נר. 13 — 15 יוני 1935** לעמבערג. צייטשריפט פאר קולטור און וויסנשאפט. דערשיינט צוויי מאל אין חודש.

**Chaim Löw:** Smok w słowiczem gnieździe (Żydzi w Poezji Odrodzonej Polski). Odbitka z Miesięcznika Żydowskiego. Warszawa 1934.

**Wojciech Natanson:** „Chwyty i Zachwyty". Kraków 1934 — 260 str.



שרייבער, פארלעגער און רעדאקציעס, וואס ווילן, אז זייערע ביכער און צייטשריפטן זאלן ווערן פארנאטירט אין דער ביבליאגראפישער רובריק און עוו. רעצענזירט, ווערן געבעטן אריינצושיקן רעצענזיר־עקזעמפלארן (2) און אויסטוישנומערן.

די רעדאקציע.

Prenumerata kwartalna (z przesyłką pocztową): w kraju 1 zł., zagranicą 1.50.
**cena inseratów:** cała strona na okładce zł. 150, ½ str. 80, ¼ str. 50. 3/8 str. 30.
Redaktor odp. i wyd. Mgr. Mojżesz Blecher.
Drukarnia „Renaissance" Kraków, Starowiślna 31. — Telefon 119-05.